№ 16. קארל עֶוואלד.

# דער באטשאן
## אוּן
# דער רעגנוואָרים

(פון דער סעריע „מעשהלאך פון דער נאטור")

איבערגעזעצט

דורך יצחק ווײַנשטאט




פארלאג

„קולטור-ליגע"

ביאליסטאק

1920



דרוק מ. פרושאנסקי, ביאליסטאק.

קאַרל עוואלד.

# דער רעגנוואָרים און דער באַטשאַן.

(פון דער סעריע „מעשהלאך פון דער נאַטור")

איבערזעצט
דורך יצחק ווײַנשטאַט.

פאַרלאַג —
„קולטור-ליגע"
ביאַליסטאָק.

# דער רעגנוואָרים

# און דער באַטשאַן.

ריכטיק אינמיטן פון אן אלטן, פארלאָזענעם גאָרטן איז געשטאַנען אן אלטע הויז, און אַרום גאָרטן, פון אלע זייטן, אויף וויפיל ס'האָט נאָר געקענט פאַר-כאַפּן די אויג, האָבן זיך געצויגן גרינע, שמעקעדיקע לאָנקעס.

די הויז האָט געהאַט אַ שטרויענעם דאַך, וועל-כער איז געווען איינגאַנצן באַוואַקסן מיט בלושטש. די לאַנגע, גרינע בלעטער פון בלושטש האָבן ארום-געוויקלט דעם גאַנצן קוימען אויפן דאך, זיינען אריי-בערגעקראָכן איבער אים און פלעגן אראָפּהאַנגען פון דאך אַזש ביז איבער די פענסטער. אזוי, אז מ'האָט געקענט מיינען, אז די ווענט זיינען געווען פאַרהאַנגען מיט שווערע, גרינע גאַרדינען. דאָס האָט אויסגעזען אפשר זייער שיין, אָבער די שטראַלן פון דער זון האָבן

צולייבן בליוששטש ניט געקענט אריינדרינגען אין די צימערן פון דער הויז.

קיינער האט אבער דערפון קיין ענמת נפש ניט געהאט, ווייל די אלטע־הויז איז שוין יארנלאנג געווען פוסט און ניט באוואוינט.

אמאל, מיט א סך יארן צוריק, האט אין דער הויז געוואוינט א פומר, נאר זיין ווייב און קינדער זיינען קראנק געווארן פון ווילנאמטש און זיינען געשטארבן. דער פומר איז אוועקגעפארן, און מער האט שוין קיין אנדער מענש ניט געוואלט דארטן וואוינען. איינזאם און פארלאזן איז געבליבן די אלטע הויז, די ווענט זיינען באדעקט געווארן מיט שימל, דער קעלער איז פארלאפן געווארן מיט וואסער, און די פארלאנגעם זיינען צופוילט געווארן, אין נארטן, וואס ארום דער הויז, האבן די בוימער געוואקסן, ווי זיי האבן געוואלט, קיינער האט אויף זיי ניט אכטונג געגעבן, און די סטעושקעס זיינען פארוואקסן גע-

וואָרן מיט גראָז.

דערפאַר אָבער הינטערן גאָרטן, אויף די גרינע, שמעקעדיקע לאָנקעס, האָבן זומער זיך געפּאַשעט און געפּרוטשעט קי, און אין די פאַרנאַכטן און אָוונטן פלעגן פון די טיפע גראָבנס אַרויס פאַרציען א קאָנצערט די זשאַבעס. און ווען ס'פלעגט קומען די צייט פון שניידן די היי, פלעגן זיך דאָ אַראָפּלאָזן די אַרבעטער פון דעם שכנותדיקן גוט, פלעגן אַראָפּנעמען די היי, זינגען לידער, אָנלייגן הויכע וועגענער מיט פריש־אָנגעשניטענע שמעקעדיקע גראָז און עס אוועקפירן אַהיים. האַרבסט־צייט פלעגט בושעווען די זאַווערוכע און אַרומרייסן די ביימער אין גאָרטן. ווינטער פלעגט אַלץ: אי די הויז, אי דער גאָרטן, אי די גרויסע, ברייטע לאָנקעס זיין באַדעקט מיט א פרעס־ווייסער קאָלדרע פון שניי.

און ווען דער שניי פלעגט צוגיין, ווען פעלדער און לאָנקעס פלעגן ווידער אָנהויבן גרינען, און די

נאמור אַרום פלעגט זינגען שירה, דעם אָנקומענ-
דיקן פרילינג,—פלעגט דאָ קומען צופליען דער
באָטשאַן.

ער האָט זיך אויפגעבויט זײַן נעסט אויפן דאַך
פון דער אַלטער, פארלאָזענער הויז; און צײַט דער
כומר איז אויעקגעפאָרן, פלעגט ער אַלע זומער דאָ
לעבן. פאַר ווילגאָטש האָט ער ניט מורא געהאַט,
ווײַל זײַן נעסט איז געווען גענוג הויך. די סביבה
אָבער אַרום איז אים זייער געפעלן געוואָרן און איז
אים געווען זייער צום האַנט. רואיק פלעגט ער זיך
אַרומשפּאַצירן איבער די פיל וועגעלאך און סטעזש-
קעס פון גאָרטן, קיינער פלעגט אים ניט שטערן, ער
אַליין איז געווען דער איינציקער באַלעבאָס איבער
דער גאַנצער הויז. לאַנג, לאַנג וואָלט ער באַדאַרפט
זוכן, כדי צו געפינען אַזאַ אוצר פון זשאַבעס, ווי
ס'האָבן פאַרמאָגט די גרויסע, גרינע, זומפּיקע לאַנ-
קעס אַרום. ער אַליין האָט אויך גאַנץ גוט געוואוסט,

אַז ער פאַרמאָגט דעם בעסטן ווינקל פונם גאַנצן געגנט, דעריבער פלעגט ער יעדן פרילינג אין אײַן אײַלעניש קומען צופליען אַהער, מורא האָבנדיק, אַז אַן אַנדער באָטשאַן זאָל זיך ניט מקדים זײַן און פאַרכאַפּן זײַן דאַטשע.

אײַנמאָל, אין אַ שײנעם זוניקן טאָג, האָט זיך דער באָטשאַן, נעהאַט צוריקגעקערט אַ היים פון זײַן שפּאַציר איבער דער לאָנקע, ער האָט געטראָגן אַ פינף זשאַ-בעס פאַר זײַן ווײַב און קינדער, וועלכע האָבן גע-וואַרט אויף אים אין נעסט, אויפן דאַך. אַלײן האָט ער שוין אויך דערכאַפּט די נשמה מיט אַ צוויי זשאַבקעס און פאַרבײַסן מיט אַ האַלבן שלאַנג; די צווייטע העלפט האָט ער געהאַלטן אין שנאָבל.

זאָגט און צופרידן, וואָס ס'איז אים היינט אַזוי גוט געגאַנגען, איז דער באָטשאַן געווען גוט אויפגעלייגט און האָט זיך בנעימותדיק פאַמעלעך געשפּאַצירט אי-בער די סטעזשקעס פון גאָרטן...

פלוצלונג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַן האלבן וועג. ער האָט דערזעהן אַ גרויסן רעגנוואָרים, וואָס האָט דאָרט געפּויזשעט

— הער נאָר, דו! האָסט נאָר קיין מורא ניט? — האָט אים דער באָטשאַן געפרעגט.

— ווער איר זאָלט ניט זיין, הויב געשעצטער האר, פאַרדאַרבט מיך ניט, לאָזט מיך לעבן! — האָט אויס־געשריגען דער וואָרעם, קנורענדיג זיך פון שרעק.

— ניט נאָר, אָקאָרשט, אַ קוק, יעטסט זעו, ווער איך בין, — האָט אים דער באָטשאַן געענטפערט.

— ליידער קען איך ניט אויף אייך קיין קוק טאָן, — איך בין בלינד. נאָר איך האָב דערהערט, אז איר נייט, האָב איך מיך אַזוי דערשראָקן, דאָס פון גרויס פּחד קען איך ניט צוריק געפינען מיין נאָרע אין דער ערד.

דעם באָטשאַן האָט עס הנאה געטאָן, װאָס ס'האָט זיך פאַר אים אַזוי דערשראָקן. ער האָט

אויסגעגלייכט די צווייטע העלפט שלאנג, האט ער האט געהאלטן אין שנאבל, פאר זיך, אויפן גראז, און געמאכט א גאוהדיקע מינע, אויסגעשטעלנדיק זיך אויף איין פוס, וואס עס באטייט דאסזעלבע, ווי א אנשטענדיקער, גוט דערצויגענער, מענש פארלייגט די הענט אויפן ברוסט.

— איך בין דער באטשאן! — האט ער געזאגט און זיך גאוהדיק ארומגעקוקט.

— אי, פאטער הארציקער, געטרייער! — האט דער װארים מיט שרעק געמורמלט.

— איצט ווייסטו שוין מיט וועמען דו רעדסט? — האט געפרעגט דער באטשאן.

צי איז מעגלאך ניט צו וויסן פון דער סאמער נכבודיקער פייגל אין לאנד? — האט געפישטשעט רחמנותדיק דער ווארים — אלע זשאבעס אין די גראבנס ציטערן פאר אייך אימת-מות; שלאנגען לויפן, וואו דער שווארצער פעפער וואקסט, דערזע-

ענריק אײַך פונדערװײַטן; אין פון אונזער מין, אי-אי-אי!—אײַן נאָט װײס, אז ניט אײַן מאה האט איר שוין אויפגעגעסן.

—אודאי, אודאי!—האָט געענטפערט דער באָטשאַן —און, אז עס װעט זיך מאכן, װעל איך דיר אײך געװיס אויפּזוכן. גראדע איצט בין איך זאַט, דער-פאַר דארפסטו טאַקע דאנקען און לױבן זײַן ליבן נאָמען.

— איך דאנק אײַך טױזנטער מאל, אדוני פריץ,— האָט געזאָגט דער װאָרים — א סך א סך האָב איך זיך אָנגעהערט פון אײַך. די מענשן האלטן פון אײַך מער װי פון אנדערע פײגלען. דאָס דוכט זיך זײַט איר בכבודכם ובעצמכם, װעלכער ברײנגט זײ די קלײנינקע קינדערלאַך?

דעם באָטשאַן האָט די לעצטע פראַגע געשטעלט א ביסל אין א פארלעגנהײט. ער האָט געשװינד אראָפּגעלאָזן די צװײטע פוס אויף דער ערד.

— עס... עס...—האט ער תחילת ניט געוואוסט, וואס צו זאגן—דאס איז אײַנגבלאך—האט ער זיך לסוף באַהערשט—ניט אזוי, דאס הייסט. ס'איז אביסל מגונה... אין א רעשטע, איך האב גארנישט אנטקעגן, אז מ'זאל אזוי מיינען. ווי די זאך זאל ניט זײַן, קריגט מען דאך דערפאַר פאר מיר מער אפשײַ.

ביני לביני איז דער ווארים זיך אפגעקראכן א ביסל ווייטער.

— וויאָ, דו מאכסט פליטה! - האט דער באַטשאן אויסגערופן, נעבנדיק דעם ווארים מיטן לאנגן שנאבל זינעם א קליין דשווב אין פרייצע.

— אי—אי—אי!.. אנטשולדיקט! — האט אויסגעקרעצט דער ווארים — איך האב עס גארניט געמיינט. איך האב נאר געוואלט פארקריכן צוריק אין מיין נארע אריין. איך קען ניט, פארשטייט איר מיר, זיך אזוי דא ליגן און גארנישט ניט טאן. חוצדעם, וויל איך נישט צופיל אויסנוצן די נערוול-

דיקײט פון דעם ארוני פריץ.

— כל זמן איך האב צײט, דארפסטו אויך האבן צײט, — האט אים אויסגעטוסרט דער באטשאן.— איך זאג דיר צו, דאס איך װעל דיר ניט אויפעסן; און א רימער האלט זײן װארט. נאר, פארשטײט זיך, אז דאס מײן איך נאר הײנט און אין דעם פאל, װען איך װעל ניט זײן הונגעריק.

— איר זײט זײער ליבנכװירדיק,, ארוני פריץ!

—האט מיט אפשר געזאגט דער װארים.

דער באטשאן האט אנגעהויבן ארומשפאצירן אהין און צוריק אייפן װעג. ער האט פארדרײט דעם שנאבל פון הינטן, אויסגעמוטשעט די ברוסט פאראוים און זײער הויך געהויבן די לאנגע פיס. נאר דא האט ער זיך פלוצלונג דערמאנט, אז דער װארים זעט אים סײ װי סײ ניט און האט זיך װידער אװעקגעשטעלט. אין דעם אײגנבליק האט אים עפעס ארוף געטאן די חײב זײנע פון הויבן, פין נעסט. ער

האָט איר אָפּגעענטפערט, א קלאפּ טוענדיק איף א באזונדערן אופן מיטן שנאָבל.

— דער ארוגי פריץ שײַנט האָט איצט וואָס געזאָגט? — האָט געפרעגט דעם וואָרעם.

— נײַן, ניט צו דיר!.. דאָס האָב איך מיך דורכגעשמועסט מיט מײַן ווײַב אויף מצרים-לשון — האָט געענטפערט דער באָטשאַן — מיר האָבן, פארשטײַסטו מיר, אין אפריקע א נעסט, און רײַין שטענדיק צווישן זיך אויף דעם לשון. דאָרטן איז ניט דער ערד בעסער, ווי דאָ, און איך וואָלט מיט פארגעניגן פארבליבן בעסער איף שטענדיק אין אפריקע, איז אָבער, פארשטײַסט מיר, קינדער... נאָר איך מײַן אז דו פארשטײַסט ניט, ייענן וואָס איך רײַד... דו האָסט עפּעס אמאָל ארומגעדרײַט איבער דער וועלט?

— נײַן, נאָך קײנמאָל ניט, — האָט מיט א זיפץ געענטפערט דער וואָרים.

— וואו זשע ביזטו ווינטער?

— איך בלייב דא, — האט געענטפערט דער וואָרים.

— פע, ווי עקלהאפט עס דארף זיין אויסקריכן דא אין שניי און אזוי אייז! זע, פרירסט ניט אף די פיס?

— איך האב קיין פיס ניט! — האט מיט צופרידנקייט באמערקט דער וואָרים. — חוצרעם ווי עס ווערט נאר קאלט, באגראב איך מיך טיף אין דער ערד.

דער באטשאן האט פארוואונדערט אנגעקוקט דעם ווארעם און געזאגט:

—איך פארשטיי ניט, וואס האט זיך מיר עפעס פארגליסט זיך דא אפשטעלן און זיך צופלוידערן מיט אזא מיאוס באשעפעניש, ווי דו ביזט! דו האסט דאך לחלוטין גארנישט, וואס ער באדארף צו האבן אן אנשטאנדיקער מענש. האסט עפעס אטשיין?

— א טשין? — האט פארוואונדערט איבערגע-פרעגט דער ווארים. — וואס איז דאס אזוינס? איך בין א פליסיקער ארבעטער. נאר צו דען איז דאס א טשין?

דערהערנדיק אזוינע דבורים, האט דער באטשאן פון געלעכטער זיך צוכאנצט אויפן ארט. ער האט דורך עפעס א מין געשריי איבערגעגעבן דער ווייב זיינער אין נעסט, וואס דער ווארים האט געזאגט

— כ'מיין, -- האט ציטערנדיק אנגעהויבן דער ווארים, — אז האב דא קיין שום אומפאסיקעס, אדער חלילה, באליידינגדעס, נישט געזאגט. חוצדעם בין איך דער עלטסטער ווארים אין דער סביבה. איך בין דא נאך געהאט געווען ווען דער בוסר האט דא געוואוינט.

— אזוי, — האט געזאגט דער באטשאן, און אין זיין קול האט זיך שיין געהערט מער ווייכקייט, חי פריער, — הייסט דאס, אז די ביזט אין א גע-

וויסן זין א מי ראש־וראש׳ן איבער אלע יוערים. דאס האט דאך שוין עפּעס א ממשית. אויב אזוי וועט דאך מיר, לכל הפחות, קיין חרפה נים זיין, האס איך אינטערהאלט זיך מיט דיר. אונזערע משפחות, דארפסטו ווייסן, האבן אינגע מיט דער אנדערער א קנאפּן כּנגע ווישא...

— נאט איז מיין עדות, דאס איך האב קיין שום משפחה נים—האט איר איבערגעשלאגן דער ווארים.

— ווי! דו האסט נים קיין משפחה?—האט איר איבערגעפרעגט דער באטשאי, אינטעלענדיק מייל און אויערן פון פארוואונדערונג.

—ניין! האט נעענטפערט דער ווארים — איך ווייס אסור נים, וואו ס׳איז ערגיץ מיין זייב און קינ־ דער. איך אליין האב אויך קיינמאל נים אנגעזען מיינע עלטערן און האלט נים דערקענט מיינע איי־ גענע ברידער און שוועסטער, אויב איך זאל זיך מיט זיי אפילו ערגיץ וואו טרעפן.

דער באָטשאַן האָט ארונטערגענומען די פֿוס אונטער זיך און געמאַכט א זייער ערנסטע מינע.

—אַ! אין וואָס פאַר א שלעכטן מצב עס געפינען זיך די נידעריקע שיכטן! איך וויל עס מער ניט הערן. דאָס שאַפט מיר א שלעכטע שטימונג. גיי, גיי זיך געזונטערהייט מעגלאַך, אַז איך וועל דאָ נאָך ווען עס איז פאַרבלאָנדזשען. נאָר זאָל דיר גאָט אויסהיטן זיך צו באַווייזן פאַר מיר, ווען איך וועל זיין הונגעריק.

דער באָטשאַן האָט זיך אויפגעהויבן און אַוועקגעפלויגן אויפֿן דאַך פֿון דער אַלטע- הויז. דער רעגנוואָרי האָט אויפגעזוכט זיין נאָרע און איז נעלם געוואָרן.

אין אַ עטלעכע טעג אַרום האָט דער באָטשאַן ווידער געשפּאַצירט איבער דערזעלבער וועג, וואו ער האָט געשטויסן מיטן רעגנוואָרים.

— וואָרים!—האָט ער גערופֿן.

קיינער האָט אים אָבער ניט אָפּגעענטפֿערט.

— עי, רעגנוואָרעם! קום אהער, איך וויל מיט דיר אַ שמועס טאָן.

— כ'האָב מורא. — האָט אויסגעשריען דער רעגנ־וואָרים פון אונטן, פון זיין נאָרע ארויס.

דער באָטשאָן איז זייער אין כעס געוואָרן. מיטן גאַנצן כח האָט ער אַ זעץ געגעבן מיטן שנאָבל אין דער ערד. דער וואָרים איז ארויס פון זיין נאָרע, בייגנדיג זיך אינדרויסן פון שרעק און אונטערטע־ניקייט.

— אַ עצה דאָס איז, פונדעסטוועגן, נישט צו געבן, ווען איך רוף — האָט אים שטרענג אויסגע־רעדט דער באָטשאָן, שטייענדיק אויף איין פוס. — צו מיינסטו ניט, ווער איך בין און ווער דו ביסט! צו באַגרייפסטו ניט, כאָר אַ כבוד עס איז פאַר דיר, וואָס איך באַוויליג מיט דיר צו שמועסן?!

— אָ! זייַ ניט אין כעס, אדוני פריץ! האָט קיין פאַראיבל ניט! — האָט זיך געבעטן דער וואָרים. —

איך האב מיך אזוי איבערגעשראקן, אזוי איבערגע-שראקן איר אליין האט, דוכט זיך, געזאגט, אז איך זאל אייך נישט קומען פאר די אויגן, ווען איר זענט הונגעריק.

— יא, אמת! האט שמאלין געזאגט דער באמשאן, — נאר איצט וויל איך אז די זאלסט מיר עפעס דערציילן פון דיין לעבן. מיר איז עפעס אומעטיקלאך... און בכלל, מיין קינד, שאדט ניט, אז מיר, היינטיקע לייט, זאלן זיך באקענען מיט לעבן פון די נידעריקע פאלקס־שיכטן.

— יאגן וואס, אמנמלאה זאל איך אייך דערציילן? איך גלייב ניט, אז איך זאל קענען געפינען עפעס אזוינס, וואס זאל אייך פאראינטערעסירן, אז אייער עצבות פארטאגן — האט עניוותדיק אייבגערופ· דער וואריום — צייט איך לעב איף דער וועלט און ביז מיוחס מיך נים איפגעסן, מז איך אלץ אפנם און דאס זעלבע: איך אקער די ערד און מאך

גראבנס,

—אזוי, אזוי,!—האָט נשטמוטיק אויסגעצויגן דער באַטשאַן,—דאָס הייסט, על כן, אז דו ביזסט ראָס דער, וואָס מאַכט די גראָבנס, וואו ס'וואוינען די זשאַבקעס?

— ניין, — האָט געענטפערט דער וואָרים. — א זעלכע גרויסע גראָבנס, ווי איר מיינט, בין איך נים ביכולת אויסצוגראָבן. איך גראָב אוים אין דער ערד אין דער לאַנג און דער ברייט קליינינקע, שמאָלינקע גריבעלאַך.

— טאָ וואָס פאַר א נוצן האָבן, למשל, מיר, באַטשאַנעס, פון דיר?

— איר? — האָט געזאָגט דער וואָרים — קודם כל קען דער אדוני פרייץ מיר אויפעסן, ווען נאָר עס פארוויילט זיך אים.

— דאָס ווייס איך — האָט געזאָגט דער באַטשאַן, פאַרוואַרפנדיק די קאָפּ אין דער הויך. — דו

דארפסט מיר יעגן דעם אזוי אפט ניט דערמאנען.

וואס אבער נאך?

חוצדעם צולעכער איך די ערד; דעריבער וואקסט אויף איר א סך בעסער און ס׳אנטוויקלען זיך זייער גוט פארשיידענע גראזן, בלומען און ביימער. א דאנק מיר ווערט די ערד פרוכטבאר.

— אזוי! הייסט דאס דו מאכסט דאס אן א בלאטע, אז עס עקלט איש צום גיין!

— זייט מוחל וואס איך וועל מיט אייך ניט מסכים זיין — האט בכבודיק אפגעענטפערט דער ווארם. — דאס קען מען ניט אנרופן בלאטע. דאס איז פרוכטבארע ערד, אויף וועלכע עס וואקסן פארשיידענע געוויקסן; א דאנק די געוויקסן לעבן די פליגעלאך; מיט די פליגעלאך יוידער נערן זיך די זשאבקעלאך, און די זשאבקעס באוויליגט צו עסן איר און אייער געשעצטע משפחה.

—דו מיינסט, אז אט דאס אלץ, וואס דו זאגסט דא

האָב איך אויפֿפֿריהער ניט געוואוסט? — האָט גע-
פֿרעגט דער באַטשאַן, אַרונטערגעבענדיק אונטער
זיך די פֿוס און זאַפֿנדיק אויגן. וואָרים א פֿאַר-
אַכטנדן בליק. — איך האָב נאָר געזאָלט דיר פֿאַר-
הערן. זאָג-זשע נאָר, ווי אַזוי באַלסטו עס די...
ווי האָסטו עס אָנגערופֿן?

— פּרוכטבאַרע ערד? — האָט געזאָגט דער
וואָרים. — איך טראָג אַריבער די ערד, וואָס ליגט
טיפֿער, פֿון אונטן, אַנדערהויך, כּדי די זון זאָל
איר קענען באַוואַרעמען און דער רעגן באַגיסן; די
ערד ווידער, וואָס ליגט פֿון אויבן, טראָג איך אַריבער
אונטן. אויף אַזאַ אופֿן צעמיש איך די ערד און
פֿאַרבײַט איין שיכט מיט דער אַנדערער; אַזוי אַרום
ווערט זי פּרוכטבאַר.

— זײַער, זײַער קלוג — האָט געזאָגט דער באַט-
שאַן — וואָס מוסטו נאָך?

דער רעגנוואָרים האָט זיך מיט דרך ארץ צוגע-

רוקי אַביסל נענומער צום באַטשאַן און אָנגעהויבן צו דערציילן: ער איז ניט געווען געוואוינט, אז אימי-צער זאָל האָבן חשק אים אויסצוהערן.

— אייך איז מי הסתם אויסגעקומען צו באמערקן דאָס אַבּכמאָל שמייען די פֿארפֿוילטע בלעטער אויף דער ערד צונויפגעדרייט אין א רערעלע מיטן שפּיץ אויף אונטן? דאָס איז מיין אַרבעט. איך מאַך עס ביי דער נאַכט, ווען ס'ווערט פֿינסטער און ארום איז רואיק; דאַמאָלסט קען מיר קיינער גבן ביי ניט טאָן. אויף דער אַנדערער נאַכט קריך איך מיר ארוים ווייטער טאָן מיין אַרבעט. איך שלעפּ די בלעטל אַלץ טיפער און טיפער, ביז זי ווערט אינגאַנצן איינגעזונקען אין דער ערד. נאָכדעם אַרבעט איך איר איבער אין ערד.

— דאָס איז זייער אינטערעסאַנט.

— אָ, ווען אַלע וואָלטן געווען אַזוי ליבנסווירדיק, ווי דער אדוני פּריץ! איך וויל מיך ניט בא-

ריִמעָ, ווײַל דאָס קענען אויך אנדערע טאָן און נאָך בעסער פאר מיר. נאָר זאָגט אַליין, זײַענדיק א פּליי־סיקער ארבעטער, דערפילנדיק ווי געהעריג, אלע זײַנע פליכטן, ניט אַנרירנדיק, חלילה, יענעמס, וואָס א האָר איז וערט און באקומענדיק דערפאר נאָר שנאה און פארפאָלגונג, איז — זאָגט איך וואָס איר ווילט — דאָס איז נאָך מער ווי אומגערעכטיקייט. נאָר אַזוי וויל מסתמא דער, וואס איבער אונז. און אפילו דער ארוני פריץ! אויב אינזערן א ברודער איז באשערט אונטערצודריקן זיך אויך אונטערן האנט, אבעריג זיינס הונגעריק אָדער בעת די יונגע הארן, וואָס ליגן אויבן אין געסט, דארפן עפעס א צובײַסאכץ, — א, דאמאלסט מענטשן שיין אפּזאָגן נאָך זיך א רבנן-קדיש. יע, כ'פארשטײַ, דאָס איז גאנץ נאטיר־לאך און אזוי באדארף מן הסתם צו זײַן, און איך, קלײַנער ווארים, טאָר עס אפילו פאר מײַן מויל נישט ברײַנגען, נאָר אָבער פאר וואָס האסן אונז

אַלע טווי אין כּאַציִעָי זיך צו אונז [illegible] שלעכט!
ט'רופט אונז עקלהאַפֿטע. פֿאַרוואָס? מ'שטיינס געַ-
זאָגט, אַ סך וואָלטן מיר געקענט אויפטאָן אין דער שוואַר-
צער, פֿינצטערער ערד, ווען מיר וואָלטן זיך אויסגע-
פּוצט אין שיינע מלבושים! מ'טרעט אונז מיט די
פֿיס, מיינענדיק, אַז מיר פֿילן גאָרניט; קינדער ווען
אונז אָן אויף ויענטקעס, כּדי דערנאָך אונז צו דער-
טרינקען... אַ־... אָך! אדוני פּריץ, ע־לאַך לעבן—
שווערלאַך לעבן...

—ניט... ניט — האָט זיך אָפּגערופֿן דער באַ-
טשאַן—קוקט נאָר, ווי ער שטעלט זיך דאָס אַרויס
פֿון דער פֿינצטער ווײַט! ס'האָט מיר אויך געכאַפּט אַ
רחמנות אויף דיר.

— טויזנט דאַנקען דעם אדוני פּריץ — האָט
איינגערופֿן דער וואָרים, וויקלענדיק הכנעהדיק
דעם גאַנצן גוף — פֿאַר אַ רעגנוואָרעם, גלויבט
מיר, אַז קיין אינגענעמערעס איז ניטאָ, ווי ענדיקני-

ריק די מאַג-אַרבעס, אַרויסצוקריכן אין אַ פּייַבטן זומער-אָוונט אויף דער ערד און זיך פּויזשען אַזוי און פּויזשען, שעפּנדיק נחת פון גאָטס שיין וועלטל. דאָסאַלכס, געניכט ער, באמת, פון עולם-הזה, און בינו לבינו זוכט ער זיך אויס בלעטער, וועלכע ס'זאָל קענען אַריינשלעפּן אין דער ערד. נאָר... נים שנענדיק קען זיך אַ וואָרים דערלויבן אַזאַ תענוג: די מענשן זינען אַזוי שלעכט, אַזוי אכזריותדיק שלעכט. אָט, למשל, דער כּומר, וואָס האָט דאָ וע-דאָט געוואוינט. אין פרוג. דוכט זיך אַ גאַנץ וואוי-לער אין גוטער מענשל, נאָר אויך ער האָט נים גע-קענט באַגרייפן אין ענין, ווי ס'באַדאַרף צו זיין. איך האָב אַמאָל צוגעהערט, ווי ער האָט אײַנגעטענהט מיט איינעם פון זיינע קינדער, וואָס האָט געהאַט צרויפגעבראָכן איין אַ רעגנוואָרים. ער האָט אים געמוסרט אין געזאָגט, אַז דאָס באַדאַרף מען נים מאָן; אבה, ס'איז אַן עקלדהאַפטע, כמא בריאה, האָט

ער געזאָגט, און מיטן האַנט אָנגערירט מאָר מען עס ניט, נאָר קיין יסורים דאַרף מען עס ניט פאַרשאַפן, ווייל דאָס איז אויך נאָך אַ באַשעפעניש. יאָ, דאָס ווינטשן אפשר נאָך שענע יוערטער, נאָר ניט שוין ושע וואָלט ניט בעסער געווען, ווען ער דערקלערט דעם קינד דעם נוצן, וואָס מיר ברענגען און, אז מיר זעען אים אַזוי פאַרשוואַרצט, וועל מיר האָ-רעווען טאָג ווי נאַכט לטובת די מענטשן און חיות!

— אויי! — האָט איינגעזיינן דער באַטשאַן — אין מיר האָבן דאָס אויך ניט געוואוסט.

— וואָלט דער אייני פריץ זעגן אינו אמאָל אַ גוט־וואָרט אַרויסגעוואָרפן — האָט געבעטן דער וואָ-ריים.

דער באַטשאַן האָט געמאַכט אַ זייער ערנסטע מינע, האָט אַ קורצע צייט געקוקט סתם אין דער וועלט אַריין, ווי באַקלערנדיק זיך דעם ענין און האָט דערנאָך געזאָגט:

— איך ווייס, בנאמנות, אליין ניט, וואס דיר דערויף צו ענטפערן. אין דעם וואס דו דערציילסט איז, בלי ספק, דא אויך, א טייל אמת, און איך מוז דיר זאגן, צווישן־אונז זאל עס בלייבן, אז איך האב אויף דיר רחמנות געקריגן. נאר כ'ווייס? כ'קען גע־וויס זיין, אז איך זאל בייטן מיין מיינונג, ווען איך'ל זיין הונגעריק. נאר פונדעסטוועגן, וועל איך וועגן דעם א קלער טאן, איך האב, פארשטייסטו מיך, אויף מענשן א געוויסע ווירקונג. א קלייניקייט! איך פארדארב דאך די זשאבעס, שלאנגען און נאך אין נאך חיות, וועלכע זיינען שעדלאך פאר די מענשן נאר די צרה איז, וואס איך בין צו שיין, און דריי זיך דעריבער ווייניק צווישן די מענשן, דערצו, ווייסט דאך אליין, די קינדער, זאלן זיי מיר געזונט און שטארק זיין...

— טויזנטער דאנקען דעם אדוני פריץ! — האט אויסגערופן אין אנטציקונג דער ווארים — איך

וואָלט איך געזאָלט זאָגן... איך וואָלט געוואָלט פֿון דאַנקבאַרקייט אײַך טאָן אַ קלײַנע טובהלע.

— וואָ־אָס! אַ טובהלע מיר שײַנט, אַז דו נעמסט זיך שוין צופֿיל איבער! — האָט אויסגערופֿן דער באַטשאַן און זיך באַלד אַ שטעל געטאָן אויף אײַן פֿוס.

—זײַט מוחל, גנעדיקער האַר, טאָמער האָב איך אײַך פֿײַנע בכבוד גענייזן. איך ווייס, איך ווייס גאַנץ גוט, ווי נישטיק איך בין קעגן אײַך... איך וויל אײַך נאָר באַהיטן פֿון אַ גרויסע סכנה, וואָס שוועבט איבער אײַך.

— איבער מיר? איבער מיר שוועבט קיין שום סכנה ניט. אומעטום האַלט מען פֿון מיר און מ'היט מיך אָפּ. פֿאַר אײַנאָרדענען אַ געיעג אויף מיר טערט מען באַשטראָפֿט. כ'האָב מורא, ליבער וועריטל, אַז דו ביזט אַ ביסל געריירט!

— אָ, הערט מיר נאָר אויך, אדוני פריץ! די זאך איז, פארשטייט איר מיר, אַזוי: מיר גראָבן אונזערע גריבלאך אין די פארשיידנסטע ריכטונגען, און אַזוי ווי מיר זיינען א סך, איז די גאנצע ערד אין דער סביבה צוגראָבן. דאָ אין גאָרטן וואוינען 50 מויזנט רעגנוערים

— אָ-אָ! ס'איז דאָך עפּעס, מט... מט... קיין עין הרע נישט א היפש ביסל, א גאנצע ארמיי — האָט געזאָגט דער באָטשאַן שוין באַלעקנדיק זיך באַצייטס אַזוי, אז דער ייערים האָט אָנגעהויבן העגדום-פעגדום צולויפן אין זיין נאָרע אריין.

— וואוהין?!.— האָט אויסגעשריען דער באָטשאַן.

— איך... איך האָב מורא, דאָ צו בלייבן חייל דער אדוני פריץ האָט, שיינט זיך שוין אויסגעהונ-גערט. — האָט געזאָגט דער וואָרים.

— דערצײל • זשע, נו, ניבערו — האָט מיט אומגעדולד אויסגעשריען דער באָטשאַן.

דער רעגניזאַריִם האָט אויסגעדריקט די שװיץ־קעפּל זײַנע פון דער נאָרע און געזאָגט:

— איך האָב אײַך געוואָלט מתרה זײַן, אַז מיר האָבן אונטערגעגראָבן די גאַנצע הויז. יעדע מינוט קען זי אײַנפאַלן.

— כאַ — כאַ — כאַ! — האָט זיך צולאַכט דער באָטשאַן.

— איר דאַרפט איבער מיר ניט לאַכן: איך זאָג דעם ריינעם אמת. דערמאָנט אײַך נאָר, וויפיל מיר זײַנען! צוליב אונז זעצן זיך אַראָפּ און פּלאַצן אַפּט גרעסטע מייערן, און דעם כיטרם לאָופּע איז שוין אַזוי צופוילט, אַז ניט היינט מאָרגן װעט זי אײַנפאַלן.

דער באַטשאַן האָט אַלץ געלאַכט. לסוף האָט ער אַ שטורך געגעבן דעם וואָרים מיט זײַן האַרטן, לאַנגן שנאָבל. דער וואָרים אָבער האָט שוין געהאַט באַוויזן צו פאַרקריכן טיף אין דער ערד. דער באַ- טשאַן איז אַוועק צו זײַן ווײַב אויפן דאַך און איר דערציילט אַלץ, פון „א" ביז „ת" וועגן דעם לע- בערלאַכן רעגנוואָרים, וואָס מיינט אַז ער איז בכח צו צושטערן דעם באַטשאַנס נעסט מיט דער הויז צוזאַמען.

— מיט די לײַט דאַרף מען זיך ניט אַרײַנלאָזן אין קײַן לאַנגע שמועסן; זיי נעמען זיך באַלד אי- בער — האָט געזאָגט דעם באַטשאַנס ווײַב.

---

ס'איז אַדורך אַ וואָך. דער באַטשאַן און דער רעגנוואָרים האָבן זיך מער ניט געטראָפן.

איינמאל אין א שיינעם, ווארימען טאג זיינען דער באטשאן מיט דער ווייב געזעסען אין גאס און באטראכט די פיצלאך זייערע, וואס זיינען געלעגן נעבן זיי.

— זעסט, זיי האבן שוין פעדערלאך — האט גע־זאגט דעם באטשאנס ווייב.

— טאקע,— האט נאכגעזאגט דער באטשאן — נאר ס'דארף נאך לאנג געדויערן ביז זיי וועלן אונטערוואקסן... ווייסט, די זשאבקעס הייבן שוין אן צו ווערן פארזיכטיקער. היינט אינדערפרי האט זיך מיר איינגעגעבן צו כאפן קיים איינע. טרעף איך היינט דעם רעגנווארים, וואלט איך אים איינגעשלונגען, איידער ער וואלט נאך באוויזן אפילו א פיפס צו טאן!...

— האו.. וואס איז דאס?!—האט אין פארצווייפ־לונג אויסגעשריגן דער באטשאן.

טררר... אך!.. בארא ראך!...

אײדער דער באטשאן האט געענדיקט זײַנע רײד, האט זיך דערהערט א טוראדיקער טרעשטש: די גאנצע הייז איז אײַנגעפאלן. א גרויסער, געדיכטער וואלקן שטויב האט זיך איפגעהויבן אינדערהויך, און בײדע פיגלען, דער באטשאן און די ווײַב זײַנע זײַנען געבליבן הייגען אינדערלופטן, שרײַענדיק אזוי, אז ס'האט געריסן בײַם הארצן.

די אלטע הויז האט מים זיך פארגעשטעלט איצט א זײער טרויעריקן בילד: גאנצע קופעס ציגל, שטײנער, לײם, ברעטער, גלאז און אונטער דעם אלעמען דעם באטשאנס נעסט מים זײַנע קינדערלאך. פון אויבן האבן יתומדיק געשטארטשעט א פאר קלעצלאך מים עטלאכע דרײנגלאך.

— מײַנע קינדער! מײנע אומגליקלאכע פויגעלאך!. האט געיאמערט דעם באטשאנס ווײַב.

עטלאכענע שעה נאכאנאנד האבן זיך בײדע דער באטשאן מיט דער װײַב, געטראגן ארום דער חורבה, פלעגן האקן מיט די שנאבלעך די שטײנער און צעמענט, פלעגן זיך צוהערן, פלעגן רופן — נאר אומזיסט: קײנער האט זײ ניט אפגעענטפערט; זײערע עופעלאך זײַנען געװען טױט און באגראבן אונטער דער חורבה.

אינאװנט האט דער באטשאן מיט דער װײַב זיך אװעקגעזעצט אויף א בױם אין גארטן און מיט בײטערע טרערן באקלאגט זײער אומגליק.

— װארים! — האט דער באטשאן בלוצלונג אויסגעשריגן.

ער האט זיך דערמאנט אן דעם רעגנװארם התראה און האט איצט שטארק חרטה געהאט, װאס ער האט אים ניט געפאלגט.

— ווי הייסט! ווער זאל עס וויסן, וועמען האט עס געקענט איינפאלן, אז אזא גארנישט ווי א רעגנווארים זאל עס מיר קענען אפטאן! נו! איצט עס איך אים שוין אויף! ער, ער און זיינע פארשאל-טענע ברידער זיינען שולדיק אין מיין צרה... אומ-גליקלאכע קינדערלאך מיינע!

דער באטשאן מיט זיין ווייב זיינען אראפ פון בוים איף דער יוגנ און אנגעהויבן רופן דעם רעגנווארים מיט פארשידענע זיסע ריידעלאך.

— קום אהער, קום ארויס, שיינינקער ווערימל — האט געשעפטשעט דער באטשאן, צוגעבנדיק דעם קול זיינעם, וואס מער צערטלאבקייט. — מיין פרוי איז דא מיט מיר; זי וויל זייער הערן, ווי שיין דו דערציילסט וועגן דיין אינטערעסאנטן לעבן אונטער דער ערד.

דער רעגנוואָרם האט געהערט, ווי די הויז איז איינגעפאַלן, האט ער זיך פארקליבן אַזוי טיף אין דער ערד, ווי ער האָט נאָר געקענט. ער האט ניט געהערט דעם באָמבאַנס רייד און האט ניט געזען, ווי דער באַסטאַן מיט דער ווייב האבן מיט אלע כחות געקלאַפּט מיט די שנאָבלען אין דער ערד.

לסוף זײַנען די באַסטאַנעס אוועקגעפלויגן, כדי צו דערציילן זייערע שכנישע ברידער וועגן גרויסן אומגליק, וואס האט זיי געטראָפן. ווען עס איז גע־חאָרן פינסטער, און די נאַכט האט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד, איז דער רעגנוואָרם אַרויס אויף גאָטס וועלט און האט זיך ברחבותדיק אויסגעצויגן אויף דער נאַסער ערד.

— אַ! ווי שטיקנדיק די לופט איז היינט! — האט ער געזאָגט — ס'וועט היינט געוויס רעגענען. הא—א—אַ! נטו! א מאכל! דער לעבן איז אַזוי שוין,

איבערהויפט איצט, ווען די פריצים וואס אויפן דאך ווינען שוין ניטא, צוליב וועלכע איך פלעג דארפן לעבן שטענדיק אין ציטערניש, טאמער דרייט זיך איך זיך אים אונטער, ריכטיק, ווען ער איז הונגעריק.



